# שול־ביבליאטעק

№ 10



א. ראובני


# קינדער


פארלאג

„קולטור־ליגע"

ווארשע

שול־ביבליאטעק

№ 10

א. ראובני

# קינדער

פאַרלאַג
„קולטור־ליגע״
ווארשע.

פֿאַרקירצט פֿאַר קינדער
פֿון
דער דערציילונג
„כּנות“

געדרוקט אין 4000 עקז.
װאַרשע 1921.

געזעצט בײַ י. הענדלער, לאַנגע 26. געדרוקט „אָשװיאַטאַ“, טלאָמאַצקע 4.

„Kinder“,—A. Reuveni
Wyd. „KULTUR-LIGE“ Warszawa 1921 r.

Druk. „Oświata“, Warszawa, Tłomackie 4, tel. 236-02.

# קינדער.

## א.

## אין פעלד.

ס'איז אַזייגער צוויי נאָך האַלבן טאָג. די זון האָט זיך שוין אַ ביסל אַראָפּגערוקט פון מיטן הימל, נאָר ס'איז נאָך שטאַרק הייס. די קינדער האָבן זיך פאַרקליבן אין גראָז און מע זעט זיי ניט אַרויס. פון וועג זעט מען נאָר אַ לאַנג, ברייט, אומרויִק פעלד. דאָס גראָז איז אויסגעוואַקסן הויך און געדיכט. גיך וועט מען עס שניידן און צונויפלייגן אין סטויגן — אָנגרייטן פאַר די בהמות היי אויף ווינטער.

ס'איז ענדע יולי. קיין רעגנס זייַנען שוין לאַנג ניט געגאַנגען. די ערד איז טרוקן און אויפגעקנייטשט. דאָס גראָז איז געוואָרן געלבלעך. אַ לייכט ווינטעלע בלאָזט איבערן פעלד, גרין-געלבלעכע כוואַליעס הויבן זיך און פאַלן אַראָפּ — עס הוידעט זיך און טאַנצט דער גאַנצער אויבערפלאַך פון פעלד. די כוואַליעס יאָגן זיך איינע נאָך דער אַנדערער. ווייט-ווייט לויפן זיי אַוועק אַהין, ווו ס'לאָזן זיך אַראָפּ די בלויע הימלען און גיסן זיך צונויף מיט די עקן פון דער ערד. דאָרטן בלייבן זיי ליגן און וואַרטן אויף אַ צוריק-וו[illegible]ס...

דאָס גראָז שאָקלט זיך און ציט זיך נאָך זיי, און באַגלייט זיי אין זייער לויף, מיט אַ רופנדיק ברומען, מיט אַ פרייל[ע]ך־פייפנדיק געראָוויש...

די קינדער ליגן אויף די רוקנס און קוקן אַרויף. דאָס גראָז איז שמעקנדיק און זאַפטיק. אַרום זיי איז עס באַזונדער גרויס און געדיכט. עס הויבן זיך, ווי אַ וואַלד, פעטע, אָדער־דיקע, טונקל־גרינע שטאַנגען. גלייך איבער זייערע פּנימער הענגט אַ קליינער, גלאַנציקער הימל־פּלעק. די זון זעט מען ניט, זי איז פאַרשטעלט פון די הויכע גראָזן, נאָר עס פילט זיך, אַז זי איז דאָ דערביי. דער הימל פּלעק בלישטשעט ניט־צו־דערליידן העל, ס'טוען וויי די אויגן צו קוקן.

מישקע קערט זיך איבער מיטן רוקן אַרויף און שטעקט אַריין דאָס הייסע פּנים אין דאָס קילע, איינגעקוועטשטע גראָז. אַ רגע איז גאָר פינסטער — ער זעט קיין זאַך ניט. דערנאָך קלאָרט זיך אויס. אין דער טונקלקייט, וואָס אונטערן גראָז, באַמערקט ער אַ סך מאָדנע זאַכן.

אַ מוראַשקעלע איז אַרויפגעקראָכן אויפן שפּיץ פון אַ דין גראָז־שטענגל. זי איז אין פאַרלעגנקייט, זי ווייסט ניט, וווּ ווייטער צו גיין. זי פּויזעט אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ.

מישקע רייסט אָפּ דאָס צווייגל פונם גרעזל און לייגט עס אויף דער ערד. איצט וועט עס געפינען דעם וועג אַהיים! נאָר דאָס מוראַשקעלע לויפט צוריק צום גרעזל און קריכט אַרויף אויף אַן אַנדער צווייגל. מישקע לאַכט כּרייעך. מסתמא שפּילט עס זיך. ער האָט אויך ליב צו קלעטערן אויף אַ בוים...

באַלד זעט ער אַ שפּין — אַ גרויסן, האָריקן, שרעקלעכן שפּין, מיט אַ סך לאַנגע, האָריקע, אויסגעבויגענע פיסלעך,

וואָס שטעקן אַרום אים פון אַלע זייטן, מיט אַ גוף, וואָס איז קורץ און קיילעכדיק, ווי אַ ניסל. מישקע קוקט אויף אים מיט כבוד...



— אַ שפּין! אַ שפּין!... אָט איז ער! — שרייט ער צו די איבעריקע צוויי. סיאָמקע און מאַרוסיע רוקן זיך גע-שווינט צו צו אים. אַצינד זיינען אַלע דריי קעפּ צוזאַמען: דער העל-ווייסער קאָפּ איז מאַרוסיעס, דער לייכט-טונקע-

לער — סיאָמקעס, דער סיף־שוואַרצער, וואָס שטעקט אינמיטן, געהערט מישקען

— צעקוועטש! גיכער... צעקוועטש! הרגע אים, — שרייען אויפגערעגט אַלע דריי. נאָר זיי האָבן מורא צו טאָן דאָס מיט די הוילע הענט. סיאָמקע, וואָס איז שוין אַלט עלף יאָר — מיט צוויי יאָר עלטער פון מישקען — געפינט דער ערשטער אַ מיטל. ער שטעקט אַריין טיפער די האַנט אינם אַרבל פון זיין העל־בלוי, געפלעקט, אוקראַיִניש העמדל, וויקלט זיך אָן דעם אַרבל אויפן פויסט און צעקוועטשט דעם שפין. פון דעם בריאהלע, וואָס איז נאָר וואָס אַרומגעלאָפן, פול מיט לעבן און באַוועגונג, ווערט אַן אומבאַוועגלעכער ברוין־רויטער קויטיקער פלעק. נאָר צוויי גאַנץ־געבליבענע פיסלעך שטרעקן זיך נאָך אויס און ציִען זיך צונויף און צאַפּלען זיך מיט אַ שוידער.

— אַ־האַ! וואַרפט נאָך אַלץ מיט די פיסלעך? — רופט אויס סיאָמקע.

זיינע אויגן גלאַנצן פון גרויזאַמער אויפרעגונג. ער גיט נאָך־אַמאָל אַ קוועטש מיטן אַרבל און צערייבט די צוויי ציטערנדיקע פיסלעך.

— אַ פּאַסקודסטווע! — זאָגט מאַרוסיע און רוקט זיך אָפּ.

— ער בייסט זיך טאַקע! — פרעגט מישקע, מייַנענדיק דעם שפין. — ס'איז אמת, אַז מ'שטאַרבט פון דעם... אַז ער גיט אַ ביס?

— זיי זיינען פאַרשאָלטענע, — זאָגט סיאָמקע. — זיי האָבן געטראָגן פייער צום בית־המקדש... יעדערער דאַרף זיי הרגענען.

מישקען איז באַקאַנט די מעשה. ער וויל וויסן אַן אַנדער זאַך.

— שוין לאַנג איז דאָס געווען? און ער איז גאָר פאַרברענט געוואָרן? גאָרנישט ניט געבליבן?

— גאָרנישט, — זאָגט סיאָמקע אַנטשלאָסן.

— איך פאַרשטיי ניט! — רופט אויס מאַרוסיע באַליידיקט, — וואָס האָט איר זיך צעפּלעדט אין אייער לשון: איך וועל גאָר אַוועקגיין!

— גיי! ווער האַלט דיך? — זאָגט סיאָמקע גלייכגילטיק.

— באַלד וועל איך זיך ביי דיר אָנפרעגן!

— גיי, מאַרוסקאַ, אַהיים, פאָלג מיך. מ'וואַשט דאָך ביי אייך הײַנט די גרעט. דער טאַטע וועט נעמען אַ רימען: — „א'נו, קום אַהער, ווו ביסטו דאָס פאַרפאַלן געוואָרן אויף אַ גאַנצן טאָג?” — אַ, וועט ער דיר אַרײַנשיטן!... כי כי־כי... סיאָמקע לאַכט, קוויטשענדיק פון פאַרגעניגן.

— שווייג, טײַוול! היניטיש קינד! פריִער וועל איך דיר דיין לאַנגע נאָז אַראָפּדרייען, וועסטו בלייבן אַזוי... אָן אַ נאָז...

זיי קריגן זיך צווישן זיך שטענדיק און ס'מאַכט זיך, אַז זיי צעשלאָגן זיך.

סיאָמקען פּאַרדריסט, וואָס זי וויל אים אין קיין אַך ניט נאָכגעבן. אין אַלץ האַלט זי זיך פאַר זײַנס אַ גלײַכן. זי האָט דינע פלינקע פיס, וואָס שטייען ניט אָפּ פון זײַנע אין לויפן, און לאַנגע שטאַרקע הענט, פאַר וועלכע ער האָט אַ ביסל דרך־ארץ. זי איז אינגאַנצן דאַר, הויך און ביינערדיק. און כאָטש זי איז אין איינע יאָרן מיט סיאָמקען, איז זי העכער פון אים אוודאי אויף אַ האַלבן קאָפּ.

מאַרוסיע גיט זיך אַ הויב־אויף און שפּאַרט זיך אָן אויף די עלנבויגנס. איר פּנים איז ווײַס און צעהיצט. זי איז זיך גרייט צו שלאָגן. מישקע איז אויך זייער אויפגערעגט. ער

כילס, אַז באַלד וועט ער זיך וואַרפֿן אויף עמעצן, נאָר ער ווייסט נישט קלאָר — אויף וועמען. סיאָמקע איז דאָך זיין חבר, און סיאָמקע איז דאָך אַ ייד, און זי איז אַ גויע. אָבער זי איז דאָך אַזאַ גוטע!... ער האָט זיך מיט איר קיינמאָל נישט געקריגט. און אַמאָל האָט זי זיך פֿאַר אים איינגעשטעלט, ווען אַ גרויסער שייגעץ האָט אים געשלאָגן... נאָר וואָס זאָל ער פֿאָרט טאָן, ווען זיי ביידע וועלן זיך צונויפֿטשעפען? מוז ער דאָך אויך...

— נו, דראָנג! — ווענדט זיך סיאָמקע צו זיין קעגנער.

פֿונם וועג הערט זיך פּלוצים אַ שווער סקריפּען פֿון רעדער. סיאָמקע, וואָס האָט זיך שוין אָנגעשפּיגן אויף די הענט און איז געשטאַנען נאָר גרייט צו דער מלחמה, דרייט זיך תיכּף אויס מיטן פּנים צום וועג. צוויי דרעמלענדיקע אָקסן שלעפּן פּאַמעלעך אַ וואָגן מיט האָלץ. אויבן, אויפֿן האָלץ, זיצט אַן אַלטער פּויער אין אַ פֿוטערן היטל. זיין פּנים איז געל און פֿאַרצויגן מיט קנייטשן, צום געגאָלטן קין לאָזן זיך אַראָפּ, ווי צוויי גרויע נאָדלען, זיינע שפּיציקע וואָנסן, דער קאָפּ שאָקלט זיך אַהין און אַהער, און פֿון מויל שטעקט אַרויס אַ געלער, ליימענער ציבעק.

סיאָמקע צעלאַכט זיך פּלוצים:

— אַלע שלאָפֿן... זעט, דער וואָגן שטופּט די אָקסן!

די אַנדערע צוויי קוקן אויך אין יענער זייט.

— ביסט אַ ליגנער, — זאָגט מאַרוסיע. — די אָקסן שלעפּן דעם וואָגן.

נאָר סיאָמקען געפֿעלט זיין געדאַנק אַליין מער. ער פֿאַרלירט דעם חשק צו קריגן זיך.

— נאַר! זעסט ניט, אַז די אָקסן שלאָפֿן? ווען דער וואָגן זאָל ניט אונטערשטופּן, וואָלטן זיי זיך גאָר אָפּגעשטעלט. כאַ-כאַ-כאַ...

ב.

# באָדן זיך!

די קינדער באַגלייטן מיט די אויגן דעם וואָגן האָלץ, וואָס ציט זיך און שוואַרצט זיך און גייט אַוועק אין דער ווייטקייט, און לאַכן פריי און הילכיק.

— איצטער וואָס? — פרעגט מישקע.

אַ ווײַלע קוקן זיי אָן איינס דאָס אַנדערע מיט גלאַנצנ־דיקע אויגן און שמייכלען: באמת, צו וואָס נעמט מען זיך? נאָר סיאָמקע געפינט באַלד אַן עסק.

— באָדן זיך!

זיי זיינען מסכּים.

— נו, ווער גיכער!

— זיי יאָגן זיך. סיאָמקע און מאַרוסיע לויפן גלייך גע־שווינט. מישקע שטייט אָפּ אויף עטלעכע טריט, אָבער ער גיט זיך ניט אונטער. אַ פאַרשוויצטער און בלייכער פאַר מידקייט, שווער טופּענדיק מיט די קליינע פּיסלעך, האַלט ער זיי נאָך פון הינטן, לויפט די גאַנצע צייט, וואָס זיי לויפן, און שטעלט זיך אָפּ, נאָר ווען זיי שטעלן זיך אָפּ.

— אַ ווײַלער בחור, מישקע! — מונטערט אים מאַרו־סיע. — אָט אַזוי... לויף! וועסט זיין אַ גוטער לויפער!

און מישקע איז איר דאַנקבאַר פאַר די ווערטער.

דאָס טייכל איז שמאָל, אָבער טיף און שטראָמיק. פון דער זייט איז דער ברעג אַ הויכער און אָן אָפּגעריסענער און געדיכט באַוואַקסן מיט ווערבע־ביימער. דער אַנדערער ברעג איז אַ פלאַכער און אַ זומפּיקער. דאָרטן ציט זיך אַ גאַנץ פעלד פון גלייכע, דינע, מיט גרויע קאָרעס אַרומגעוויקלטע שטעקעלעך — טשערעטן־שטאַנגען.

מאַרוסיע גייט אַוועק אָן אַ זייט און פאַרשווינדט צווישן די ביימער.

סיאָמקע שטעלט זיך אויף זיין געליבטן אָרט — אַ שאַר־פער ראַנד, וואָס טרעט אַרויס איבערן וואַסער אַ פוס זיבן די הייך. מישקע ווייסט, אַז באַלד וועט ער זיך אַ רוק טאָן צוריק אויף אַ דריי־פיר טריט, וועט זיך פאַנאַנדעריאָגן און געבן אַ שפרונג אַריין אין טייך. בעתן פליען האַלט ער זיך תמיד שטייענדיק, די פיס אַראָפּ, די הענט צוגעדריקט אַרו־מערן בייך. אין דערלופטן מאַכט ער אַ האַלב קיילעכדיקע ליניע, ווי אַ רעגנבויגן, און גיט זיך באַלד אַ כליופּע אין וואַסער אַריין. אַ רגע נאָך דעם זעט מען אים ניט אַרויס. נאָר מישקע הייבט ניט אָן מורא צו האָבן. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז סיאָמקע וועט ניט דערטרינקען ווערן. און באמת, אין מיטן טייך באַווייזט זיך תיכף אַ שוואַרץ קייקל. עס וואַרפט זיך און סרייסלט זיך אָפּ, און עפּעס זיך אין אַלע זייטן. דערנאָך הערט זיך אַ פרייליכער, קלינגענדיקער אַרויס־רוף פון נצחון:

— נו, האָסט געזען!

מישקע קאָן אויך שווימען, אָבער ער דערוועגט זיך ניט צו שפּרינגען פון אַזאַ הייך ווי סיאָמקע. נאָר אַז ער איז שוין אין וואַסער, פילט ער זיך פונקט אַזוי פריי, ווי זיין חבר. זיי שווימען איבערן טייכל הין און צוריק, זיי שווימען אַוועק ווייט אַראָפּ דעם שטראָם. אַז זיי ווילן שווימען גיך גייען זיי קלאַפּטער, וואַרפן מיט די הענט שטאַרק און לייכט, ניט פאַנאַנדערשפּריצנדיק קיין וואַסער. אַז זיי ווערן מיד, קערן זיי זיך איבער אויף די רוקנס, לאָזן רויק די הענט און שטופּן זיך פאַמעלעך מיט די פיס. מאַרוסיע שווימט אויך מיט זיי — נאָר זי האַלט זיך די גאַנצע צייט עטוואָס אָן אַ זייט.

צוריק, קעגן שטראָם, איז זייער שווער צו שווימען.
געוויינטלעך קריכן זיי אַרויס אויפן ברעג און לויפן ביזן
אָרט, ווו זיי האָבן געלאָזט די קליידער.

נעבן די קליידער רוען זיי זיך אָפּ. זיי ליגן אויף דער
זון און טרוקענען זיך און קוקן אין הימל אַריין און לאַכן
פון פאַרגעניגן...

— איצטער וועלן מיר גיין רייסן עפּל, — באַשליסט
סיאָמקע אַ ווײַלע שפּעטער.

— מאַרוסקאַ! — שרייט ער הויך, — מיר שווימען אויף
יענער זייט מיט די ז.א.כ.ן!

יעדער איינער דרייט צונויף זיינע בגדים אין אַ קליין
שטייף בינטל און לאָזט זיך אין וואַסער אַריין. זיי שווימען
אויפן רוקן און האַלטן צו מיט איין האַנט דאָס בינטל, וואָס
ליגט אויף דער ברוסט. אַזוי שווימען זיי אַריבער דאָס טייכל,
און די בגדים זייערע בלייבן כמעט ווי ניט פאַרנעצט. אויף
דער אַנדערער זייט דאַרפן זיי צוערשט דורכגיין דאָס טשע-
רעטן-פעלד. דאָס איז ניט קיין גרינג שטיקל אַרבעט. דער
באָדן איז נאַס און בלאָטיק, איטלעכער טריט און שריט טרעפט
מען אָן מיטן פוס אין אַ וואַסער גרוב, אָדער אויף אַ צעבראָ-
כענעם, שטעכעדיקן שטענגל פון אַ טשערעט, אָדער אויף אַ
שאַרפן וואָרצל. נאָר זייערע קליינע דאַרע פיסלעך זיינען
האַרט און שוואַרץ פון בלאָטע, ווי פאַרבאַקן, און האָבן ניט
קיין מורא פאַר קיינע שוועריקייטן — זיי לויפן דאָך אום
שטענדיק באָרוועסערהייט.

נאָכן פעלד שניידן זיי דורך אַ וועלדל פון יונגע דעמבן.
דאָס וועלדל איז שיטער. דורך דיביימער זעען זיך עטלעכע
ווייס-געקאַלכטע, ציכטיקע הייזלעך און גרויסע פרוכט-גער-
טנער, אַרומגעצוימט מיט פּלויטן, געפלאָכטענע פון דינע

צווייגן. די הייזער און גערטענער געהערן צו עטלעכע רייכע בעלי בתים פון זייער דאָרף — פון דאגילאָווקע. די הייזער פאַרדינגט מען באַאַמטע און אנדערע פריצים פון שטאָט פאַר זומער־וווינונגען, און די גערטענער אַרענדירן סוחרים, וואָס האַנדלען מיט פּרוכטן.

— צו וועמען גייען מיר?

— צו קולטיגינען.

דאָס איז קלאָר, אַז צו אים.

ג.

# נאך עפּל.

קולטיגינס גאָרטן איז דער גרעסטער פון אַלע אַרום. דאָרטן וואַקסן די בעסטע עפּל, באַרן און פלוימען. און דער וועכטער ביי אים איז אַן אַלטער, אַ זיבעציק יאָריקער ביקאַן לייעווער סאָלדאַט אָן ציין, מיט רויטע טרערעדיקע אויגן. קולטיגין איז צו קאַרג צו האַלטן אַ יונגן און טייערן וועכטער. אין דאָרף האָבן אים אַלע פיינט, דעם אַלטן קולטיגינען. ער איז אַ פרעמדער — אַ געוועזענער לערער פון אַ גימנאַזיע, — זעקס יאָר פינף, נים מער, ווי ער האָט געקויפט דעם גאָרטן און אַ הויז אין דאַגילאָווקע און איז געוואָרן אַ שטענדיקער איינוווינער אין דאָרף. פונדעסטוועגן האָט מען אויך מורא פאַר אים — ער איז קלאָר אין די געזעצן, ער האָט ליב צו פירן פּראָצעסן, און ער האָט באַקאַנטשאַפט צווישן די רעגירונגס־באַאַמטע אין שטאָט.

— נו, איר ווייסט דאָך, ווי אַזוי, — זאָגט סיאָמקע. — טאָמער וואָס—לאָזט איר זיך גלייך צום בריקל, אַ פּערטל ווערסט

נידעריקער, און לויפט אַריבער אויף דער רעכטער זייט. איך וועל אייך שוין אָנזאָגן.

דער גאָרטן הויבט זיך אָן ניט ווייט פונם וועלדל. די קינדער גייען פאָרזיכטיק אַרום דעם פלויט.

פון צייט צו צייט שטעלט זיך ווער עס איז פון זיי אָפּ און קוקט אַריין אינעווייניק דורך אַ שפּעלטל. דעם וועכטער זעט מען עפּעס ניט. זיי זוכן ווייטער. סוף-כל סוף באַמערקט אים מאַרוסיע. ער זיצט אויפן שוועל פון זיין נידעריק, פון ברעטער צונויפגעשלאָגן קאַמערל און טרינקט טיי.

— נו, גייט! — זאָגט סיאָמקע שטיל.

ער גנבעט זיך צום הינטערשטן טייל פונם גאָרטן. אין איין רגע איז ער אויפן פלויט, און באַלד לאָזט ער זיך אַראָפּ אינעווייניק, אָן אַ שאָרך, פלינק און גרינג, ווי אַ קאַץ. מישקע און מאַרוסיע גייען צום טויער. דאָס מיידל בלייבט פון דרויסן, טאָמער וועט זי באַמערקן עפּעס אַ סכנה, וועט זי אַ פייף טאָן — אַ דינעם, שאַרפן וואָרנונגס-פייף. מישקע עפנט ברייט דעם טויער און מאַכט עטלעכע שפּאַן אין גאָרטן אַריין. דעם טויער פאַרמאַכט ער ניט צוריק - ער דאַרף זיך לאָזן אַ פרייען וועג אויף אָפּטרעטן אין פאַל פון נויט. דאָס קאַמערל פונם וועכטער שטייט ניט ווייט פונם אַריינגאַנג. דער אַלטער זיצט אויפן שוועל. נעבן אים, אויף אַ קלאָץ, שטייט אַ גלאָז טיי. ער נעמט אַ שטיקל צוקער און לאָזט עס אַראָפּ פאָרזיכטיק אין דעם טיי אַריין, דערנאָך מישט ער און בלאָזט מיט אַ דין, גלאַט-אַרומגעשניצט שטעקעלע.

— וואָס דאַרפסטו דאָ? — באַרטשעט ער בייז, אַז ער באַמערקט מישקען — דעם טויער פאַרמאַך... און טראָג זיך אָפּ!... שרץ!

— זיידעניו, פאַרקויפסט עפּל, באָרן?

— גיי! גיי! איך וועל דיר געבן אַ פּאַרקויף!... דאָ פאַרקויפט מען ניט — אין דאָרף!



— איך וויל שוין... פאַרקויף מיר אַ ביכל!

— האָסטו קאָפּיקעס? — פרעגט דער אַלטער כּטיל און קוקט זיך אַרום מיט פּחד.

— פאַר דריי קאָפּיקעס גיב מיר.

— ווייז אַהער דאָס געלט.

מישקע זוכט די קאָפּיקעס, אַ מינוט פינף טאַפּט ער זיך פליסיק אין די קעשענעס, אין די אַרבל, הינטערן בוזים, אין היטל.
פאַר דער צייט וועט סיאָמקע דאַרטן אַ סך אויפטאָן!
— נו, נעם דעם וועג! — דער אַלטער איז ווידער בייז.
— גיב די עפּל! כ׳וועל דיר שפּעטער ברענגען, כ׳האָב פאַרגעסן אין דערהיים די דריי קאָפּיקעס.
— אַרויס!... אַוועק, זאָג איך דיר...
— ווילסט ניט?
— אַוועק, ממזר דו איינער!
— און פאַרוואָס האָסטו צוויי פאַרקויפט?
— וועלכע צוויי? — פאַרשטייט ניט דער וועכטער.
— דיינע... דו אַלטער כלב... אָן ציין...
דער ניקאָלייעווער סאָלדאַט שפּרינגט אויף, ווי פון אַ ביס, און וואַרפט זיך צו מישקען.
— דעם קאָפּ וועל איך דיר אַראָפּרייסן פאַר אַזעלכע ווערטער, — כריפּעט ער, און זיין פּנים ווערט אָנגעלאָפן מיט בלוט.
נאָר מישקע פליט, פייל אויסן בויגן, פון גאָרטן אַרויס.
דער אַלטער קוקט זיך אַרום. פונם יינגל איז שוין קיין זכר ניטאָ. אַזוי ווי שדים וואָלטן אים צוגעכאַפּט. ער פאַרהאַקט דעם טויער מיט האַרץ און גייט צוריק צו זיין אָפּגעקילטן טיי. ער מישט ווידער אין גלאָז מיטן אַרומגעשניצטן שטעקעלע און בורטשעט:
— וואַרט אויס... כ׳וועל דיר שוין אַמאָל צודינען... חזירשער פּיסק דיינער... וועסט מיך האָבן צו געדענקען...
— זיידעניו... גיסטו די עפּל, זיידעניו?
דער אַלטער גיט זיך האַסטיק אַ הויב אויף און — קערט

איבער די גלאָז טיי אויפן קלאָץ. ער איז צעטומלט, ער האָט ניט באַמערקט, ווי זיין פיינט האָט צוריק געעפנט דעם טויער און אַריינגעגנבֿעט זיך אין זיין מלוכה. מישקע שטייט אָנגע־שטרענגט, גרייט אויף אַנטלויפן. דער אַלטער זעצט זיך רויִק אַנידער צוריק אויף דער שוועל און גיסט זיך אָן פֿון קענדל, וואָס שטייט דערבײַ, אַן אַנדער גלאָז טיי. ער פּרוּווט זיך גיין מיט אַ נייעם גאַנג.

מישקע קייכט פֿון געלעכטער.

— כאַ־כאַ־כאַ... אויסגעגאָסן דעם טיי... אַלטער תּרח!... לײמענע הענט!...

דער וועכטער שווייגט. מיט ציטערנדיקע ליפּן גיט ער אַ זופּ דעם טיי און שטעלט אַוועק די גלאָז צוריק אויפֿן קלאָץ. מישקען פֿאַרדריסט זיין גלייכגילטיקייט, ער גייט צו נעענטער און בויגט זיך־צו צו דער ערד, כּמעט ווי ער זעצט זיך. דאָס איז דער העכסטער גראַד פֿון פֿאַראַכטונג, וואָס ער וואָגט אַרויסצוווייזן דעם אַלטן וועכטער.

— אַלטער תּרח, בעזים־באָרד!...

פּלוצים, אָן ווערטער, גיט זיך צו אים אַ ריס דער אַל־טער. זיין אַלט, שפּרינגענדיק פּנים איז שרעקלעך, די אויגן פֿלאַמען פֿון אונטער די געדיכטע, גרויע ברעמען, די גרוי־געלבלעכע באָרד האָט זיך צעוויפֿגעשלאָגן אין איין שטיק און פֿאַרקראָכן אין דער זייט. בײַ מישקען האָט זיך עפּעס ווי אָפּגעריסן אין האַרצן. ער וויל לויפֿן, ער ווייסט, אַז ער מוז לויפֿן — און קאָן ניט. פֿאַר שרעק נעמט עס בײַ אים אָפּ די פֿיס. ער שטייט שטיל, אָן לשון און אָן באַוועגונג. אַזוי לויפֿט איבער אַ לאַנגע שוידערלעכע רגע.

— אַ! — לאָזט ער אַרויס פּלוצים אַ קורצן, שניידנדיקן אויסגעשריי.

און באַלד גיט ער אַן אומגעלומפּערטן שפּרונג, רייסט זיך אַרויס פון גאָרטן און פליט אָן אַ קאָפּ, באַהערשט פון אַ בלינדן משוגענעם שרעק־געפיל. ער לויפט אָן אַ וועג, דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים, ווי אַ שטיינדל אין אַ ליידיקער פּוש־קע, די פיס בויגן זיך אונטער אָ, דער וועכטער יאָגט אים אָן! באַלד וועט ער אויסשטרעקן זיינע לאַנגע הענט, אַרויפלייגן אים אויף די פּלייצעס זיינע שטעכעדיקע, ביינער־דיקע פינגער דאַן, ווייסט ער, וועט ער פאַלן און שטאַרבן אויפן אָרט...

— מישקע, שטיי! מישקע! הערט ער אַ קול, אים דאַכט זיך, אַז דאָס איז מאַרוסיעס קול.

מער האָט ער ניט קיין כּוח צו לויפן!

— מישקע, שטיי! קיינער יאָגט דיך ניט נאָך! — און מאַרוסיע כאַפּט אים אָן פון הינטן פאַרן העמדל.

מישקע פאַלט אַנידער, ווי פון אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ. נאָר באַלד גיט ער זיך אַ הויב אויף, שטעלט זיך אויף די קני און קוקט אויף איר מיט ווילדע, צעטומלטע אויגן. מאַ־רוסיע זעצט זיך נעבן אים. זיין אויסזען שרעקט זי, עפּעס פאַרקלעמט איר דאָס האַרץ. זי קוקט אויף אים מיט רחמנות — ער איז דאָך אַזוי קליין, אומבאַהאָלפן, און זי — אַזאַ גרויסע און אַזאַ שטאַרקע!

— מישאַ, מישענקאַ... וואָס איז דיר?

— מאַרוס־קאַ... — ער פאַרשטייט נאָר, אַז זי איז נעבן אים. קיין סכּנה, הייסט דאָס, איז ניטאָ.

זי בויגט צו זיין שוואַרץ קעפּל, לייגט עס צו זיך אויף די קני, און אַזוי ליגט ער אַ קורצע ווילע איינגעשפּאַרט מיטן פּנים אין אירע קני, און וויינט. פּלוצים באַרויקט ער זיך.

— ווו איז ער... דער אַלטער? פרעגט ער שטיל.

— ער איז ניטאָ, מישענקאַ... האָב ניט מורא... ער איז געבליבן אין גאָרטן.

זיי זיצן ביידע און שווייגן. דערנאָך גיט זי אַ געשריי:

— קום לויפן ביזן בריקל!

זיי גיבן זיך ביידע אַ יאָג. היינטיקס מאָל וויל זי אים נישט איבעריאָגן. זיי דערגרייכן דעם אָרט אין איין צייט. מישקע שפּרינגט אַרויס אויף אַ שפּאַן ווייטער און שרייט אויפגערעגט:

— איך בין דער ערשטער!

כאַרוסיע שמייכלט. זאָל זיין, ער איז דער ערשטער. זי וויל זיך ניט קריגן מיט אים.

אויף יענער זייט טייך שטעלן זיי זיך אָפּ, וואַרטנדיק אויף סיאָמקען. ער קומט ערשט אין אַ פערטל שעה אַרום.

— וואָס האָט זיך דאָרטן געטראָפן מיט אייך? — פרעגט ער און, ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, קלאַפּט ער זיך מיט די הענט איבער דער ברוסט און זאָגט מיט זעלבסט-צופרידנקייט:

— אָט איז דאָס... דאָ האָט איר דאָס...

אין בוזים, אונטערן העמדל, ליגט ביי אים אָנגעפּאַקט אַ היפּש ביסל עפּל מיט באַרן.

ד.

## מיט די וואַנדערנדיקע כלי-זמר.

אין דערפרי קומט אין דאָרף אַ טרופּע וואַנדערנדיקע כלי-זמר — אַן אַלטער סערב, אַ יונגע סערבין און אַ מאַלפּע. באַלד קלייבט זיך אַרום זיי צונויף אַ המון פון דאָרפי-

שע קונדסים, וואָס טרעט שוין מער ניט אָפּ פון זיי אין שלעפּט זיך זיי נאָך פון איין הויז צום אַנדערן.

אַז מישקע קומט צו לויפן, טרעפט ער שוין סיאַמקען און מאַרוסיען אין גאַס. זיי זיינען פריִער געקומען. די סערבן גייען פּאַמעלעך פון שטוב צו שטוב, שפּילן אומעטום און מאַכן פאָרשטעלונגען מיט דער מאַלפּע.

ער איז אַ דאַרער און איינגעהויקערטער אַלטער מאַן מיט שאַרפע פּלייצעס און אַ פינסטער, קרענקלעך פּנים. אין די הענט האַלט ער אַ העל־שיינענדיקע מעשענע טאַץ, וואָס איז באַהאַנגען מיט אַ סך קליינע גלעקעלעך. אַז זיי שטעלן זיך וווּ אָפּ, פּויקט ער אין דער טאַץ, און די גלעקלעך קלינגען געשווינט און איילנדיק, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געיאָגט איינס נאָך דאָס אַנדערע. זיין מיטגייערן איז שלאַנק און גראַציעז, מיט געהאָרכזאַמע באַוועגונגען, דאָס פּנים ריין און מיידלש־קיילעכדיק, באַווייט מיט אַ מין שטילן טרויער. זי שפּילט אויף אַ האַרפע — אַ לאַנגע, דריי־עקיקע האַרפע, וואָס דערלאַנגט איר כמעט ביזן קין, ווען זי שטעלט זי אַוועק אויף דער ערד. זי קלייבט איבער די סטרונעס מיט אירע לאַנגע, דינע פינגער און זינגט מיט אַ שוואַכן, אַנגענעמען קול עפּעס אַ פרעמד, אומפאַרשטענדלעך לידל. די אומבאַקאַנטע ווערטער ציִען זיך פּאַמעלעך און מעלאָדיש, רינען אַריין איינע אין די אַנדערע און ווערן ווי איין וואָרט — אַזוי ווי אַ וועקסן ליכטל, וואָס וויל זיך־ניט איבעררייסן און ציט זיך אויס אין אַ לאַנג, דין־דין פּעדימל...

פון אייניקע הייזער טראָגט מען זיי אַרויס אַ לאַבן ברויט, פון אַנדערע אַ האַלבע קאָפּיקע, פון דריטע טרייבט מען זיי אַוועק מיט הינט און מיט שטעקנס. אַז זיי קומען צו אַ חשובערן הויז, וווּ מ'קאָן זיך ריכטן אויף אַ בעסערן לוין, לאָזן זיי אין

גאַנג אויך די מאַלפּע. דער סערב נעמט זי אַרויס פון הינ־
טערן בוזים, וווּ זי ליגט ביי אים פאַרשטעקט די גאַנצע צייט,
און האַלט זי פאַר אַן עק פון אַ דין שטאָלן קייטל, צו וועלכן
זי איז צוגעקייטלט. די מאַלפּע איז בראָנז־שוואַרץ, זייער
קליין און רירעוודיק. זי האָט אויף זיך אַ העל־פאַרביק,
שאַרכנדיק קליידל, דער אויבערשטער טייל פון איר קערפּער
איז נאַקעט, דאָס פּנימל איז קליין, מאָגער און ערנסט. עס
ליגט אויף אים אויסגעגאָסן עפּעס אַ צער און געדריקטקייט,
וואָס גיט אים צו אַ מאָדנעם אייסדרוק פון מענטשלעכקייט.
די מאַלפּע נעמט אַן אויסגעבויגן, האַלב־קיילעכדיקן שטעקל
און לייגט עס אַרויף צו זיך אויף די פּלייצעס — דאָס
שטעלט זי פאָר, ווי אַ מיידל גייט נאָך וואַסער. די סערבין
זינגט:

— נאָך וואַסער בין איך ניר געגאַנגען...

און די מאַלפּע טאַנצט.

אַזוי רוקט זיך די פּראָצעסיע — די סערבין מיטן המון
קינדער, וואָס שטייען פון זיי ניט אָפּ אויף אַ שפּאַן — איבערן
גאַנצן דאָרף. אויפן צווייטן עק דאָרף שטעלן זיי זיך אָפּ ביי
אַ גרויס, טונקל גרין, צוויי־גאָרנדיק הויז, וואָס זעט אויס, ווי
אַ פּריצישע ווינונג.

דאָס איז קולטיגינס הויז. מיט אומזיכערע טריט גייען
אַריין די כּלי־זמר אינם ברייטן, מיט אַ צוים פון שטעכעדיקע
ברעטער אַרומגעצוימטן הויף, וואָס ליגט הינטער דער שטוב.
אפשר וועט זיי דאָ שפּילן דאָס גליק, וואָס האַלט זיי היינט
אין איין נאַרן. באַלד פליט אַרויס פון עפּעס אַ ווייטן ווינקל,
וווּ ער איז געלעגן און געגענעצט אויף די פליגן, אַ
גרויער, אָפּגעקראָכענער, מאָגערער הונט. ער פרייט זיך, וואָס
ס'האָט זיך געפונען פאַר אים אַ שטיקל אַרבעט. ער שפּרינגט

ארום די אריינגעקומענע און בילט אויף זיי מיט אַ אויסער־געוויינלעכער באַגייסטערונג. אַדרבא, זאָל דער בעל־הבית זען, אַז ער קומט אויך אויף עפּעס צונויף!

בליצלונג גיט אַ סקריפּע די טיר. פֿון הינטערן שוועל קוקט אַרויס דער אַלטער קולטיגין. זיין פּנים איז שווייסיק און אויפֿגעלאָפֿן פֿון פֿאַרשלאָפֿנקייט, ער קוקט בייז אויף די אומגעבעטענע געסט, וואָס זיינען געקומען שטערן זיין מנוחה.

— וואָס שלעפּט איר זיך דאָ אַרום? — שרייט ער הייזעריק. — ווער האָט אייך דערלויבט צו פּויקן אונטער די פֿענצטער? פֿעטער האָט איר? האַ?

די כלי־זמר בלייבן שטיל. דער אַלטער כּערב נעמט די סקריפּקע אין בוזעם אַריין. דאָס מיידל הייבט אויף אירע אַנגעשראָקענע אויגן אויף קולטיגינען. זי קוקט אויף אים מיט שרעק. ער שטייט אין טיר אין איינע וועש, דיק, פֿאַרגאָסן מיט שווייס, דאָס פּנים זיינס איז בעקיקאָבן און אויסגעשוואָלן און באַדריבן מיט אַ געלבלעך־ראָזיקער רויטקייט. ער אָטעמט קורץ, שווער און הילכיק און קוקט אויף דער טרופּע מיט בייזע, שרעקנדיקע, בייזע אויגן. דאָס מיידל קערט זיך אָפּ פֿון אים מיט אַ מינע פֿון עקל, פּחד און אונטערטעניקייט, זי זאָגט שטיל:

לאָמיר גיין, זיידע.

און זיי גייען אַוועק.

מאָטקע און סיאָמקע האָבן באַגלייט די וואַנדערנדיקע טרופּע אַפֿשר גאַנצע צוויי ווערסט.

צום סוף האָט דער אַלטער כּערב דערפֿילט סיאָמקעס בקשה — באַוויזן זיי נאָכאַמאָל די מאַלפּע. דאָס מיידל האָט אַ גלעט געטאָן מישקען איבערן קאָפּ און געהייסן זיי גיין אַהיים. אַציַנד שפּאַנען זיי פּאַמעלעך, — זיי האָבן גיט וואָס

צו איילן זיך. זיי קערן זיך אום אין דאָרף צופרידענע.

ה.

## באַגעגעניש מיט אַנטיפּקאַ דעם פּאַסטוך.

פון דאָרף גייט אָן זיי אַנטקעגן אַנטיפּקאַ דער פּאַסטוך, סיאָמקעס שונא. דאָס איז אַ שייגעץ פון אַ יאָר פופצען. קליינ־וואוקסיק, בייז און געזונט, מיט אַ טעמפּ פּנים און אַ קאָפּ, וואָס איז קיילעכדיק און שווערלעך, ווי אַ קעסל.

— אַנטיפּקאַ, וואָס מאַכן דיינע גענז? — שרייט סיאָמקע פון דערווייטנס.

דער שייגעץ פילט טיף די באַליידיקונג. דאָס האָט ער פאַר־אַ־יאָרן געפּיטערט גענז, היי־יאָר פּיטערט ער שוין בהמות, ווי אַ גרויסער. ער שטעלט זיך אָפּ און שפּייט אויס מיט פאַראַכטונג.

— טפּוי אויף דיין קאָפּ... זשיד פּאַרך!

— טשעפּע אים ניט, — זאָגט מישקע — ער וועט אונז געבן קלעפּ.

— זאָל ער נאָר פּרווון!

— שנויצן־פרעסערס! — זאָגט דער פּאַסטוך און גייט זיי אַנטקעגן.

— כאַם!... ליימענער גולם!... אַ קאָפּ, ווי אַ טאָפּ!...

— וואָס?

— דאָס האָט ער פיינט, ווי טויט, — זאָגט סיאָמקע צו מישקען און שרייט נאָכאַמאָל: — אַ קאָפּ, ווי אַ טאָ־אָפּ!

אַנטיפּקאַ גיט זיך אַ לאָז צו אים.

— אַנטלויף! אַנטלויף! — שרייט מישקע און וואַרפט זיך אין דער זייט.

סיאָמקע ענטפערט נישט. ער שטייט אויף זיין אָרט, אָן באוועגונג, אַ בלייכער, און קוקט מיט פייערדיקע אויגן אויפן שונא. מישקע שטעלט זיך אָפּ און מאַכט אַ טריט צוריק. אַנטיפּקאַ לויפט שוין פאַמעלעכער, סיאָמקעס פעסטקייט מאַכט אויף אים אַן איינדרוק. פונדעסטוועגן פליט ער אָן אויפן יינגל און גיט אים אַ שטאַרקן שטויס.

— וועסט רעדן? — שרייט ער, — אַ נו, זאָג נאָך אַ מאָל!

— וואָס שטויסטו זיך!

— זאָג, אָקאָרשט, זשיד פאַרך!

— נעם צו די הענט... שטויס זיך ניט!

זיי שטייען איינער קעגן דעם אַנדערן, ווי צוויי בייזע בעק. סיאָמקע, וועלכער איז אָפּגעפלויגן פונעם ערשטן שטויס אויף צוויי שפאַן צוריק, שטייט אויפן נייעם אָרט אַזוי פעסט, ווי אויף דעם פריערדיקן. אַנטיפּקאַ ווייסט ניט וואָס צו טאָן.

— זע, אַ צווייטן מאָל וועל איך דיך ממיתן פאַר די ווער־טער, — וואָרנט ער, אוועקגייענדיק.

— איך האָב דיך אין דר׳ערד, — רופט זיך אָפּ סיאָמקע, ווען דער שייגעץ האָט זיך שוין דערווייטערט אויף אַ צען טריט.

אַנטיפּקאַ גיט אַ קער דעם קאָפּ, גיט אַ שפּיי און גייט ווייטער מיט זיין וועג.

— זעסט, מישקע, — זאָגט סיאָמקע מיט גאווה, — מ׳דאַרף קיינמאָל ניט אַנטלויפן. איין מאָל וועסטו אַנטלויפן, און דאָס צווייטע מאָל וועט ער דיך שוין ערגעץ־ווו פּאַקן און גוט אָנברעכן די ביינער. און צו מיר וועט ער שוין מער ניט צושטיין. ער זעט, אַז איך האָב פאַר אים קיין מורא ניט.

מישקע קוקט מיט אַכטונק און קנאה אויף זיין חבר. ער וואָלט אויך געוואָלט זיין אַזוי, ווי סיאָמקע, אָבער ווי דערגרייכט מען דאָס?

— קום צו מיר, — זאָגט סיאָמקע.

זיי פאַרקוקן זיך אינם הינטערשטן טייל פון סיאָמקעס הויף. דאָ לייגן זיי זיך אינם געדיכטן גראָז, אינטערן פלויט. דער פלויט איז אַ נידעריקער, צעווייפגעשלאָגן פון גרויע, פאַרשטויבטע ברעטער.

ביי אַ האַלבער שעה ליגן זיי אין רוען. דערנאָך קריכן זיי אַרויף אויפן בערגל, וואָס הויבט זיך אין הויף ניט ווייט פונם פלויט. פון דאַנען זעט מען ווייט אין פעלד. ס'איז פוסט אַרום, נאָר אַ ווינטעלע בלאָזט און שאָקלט דאָס הויכע גראָז.

— שוין צייט צו שניידן, — זאָגט מישקע.

באַלד באַמערקן זיי אַנטיפקאַן דעם פאַסטוך, מיט זיינע בהמות. ער איז גאָר ניט ווייט פון זייער פלויט, נאָר אַ ביסל אָן אַ זייט. זיי הויבן זיך אָן רייצן מיט אים. אַנטיפקאַ ענטפערט זיי מיט אַ האָגל פון זידלעריי און שטיינער. זיי לאַכן פון אים. דאָ, הינטערן פלויט, ביי זיך אין דער היים, האָבן זיי פאַר אים גאָר קיין מורא ניט. זיי בויגן זיך איין, און די שטיינער, וואָס ער שליידערט, פליען אַריבער, ניט אָנרירנדיק עמעצן פון זיי, קיין איין שטיין טרעפט זיי ניט! זיי וואַרפן אים שטיינער צוריק, און לאַכן, ווען ער שפּרינגט אָפּ, אום אויסצומיידן אַ קלאַפּ. ער האָט ניט קיין פלויט, וואָס זאָל אים באַשיצן!...

ו.

## צו די בינשטאָקן.

דער פרימאָרגן איז אַ ליכטיקער, ריינער זומער-פרימאָרגן. אויפן העל-בלויען הימל זעט זיך קיין איין וואָלקנדל ניט. די לופט איז פריש. ס'איז גרינג און פריילעך צו אָטעמען

שען. מישקע כאַפּט זיך אויף גאַנץ פרי, עס ליגט זיך אים ניט אין בעט, ער האָט היינט אַזוי פיל וואָס צו טאָן! דער פעטער יעקב האָט אים נעכטן אָנגעזאָגט, ער זאָל קומען — ער נעמט אַרויס היינט דעם האָניק פון זיינע בינשטאָקן.

מישקע לויפט טאַנצנדיק. אָט איז סיאָמקעס הויף. מישקע גיט א לייכטן פייף, קומט סיאָמקע אַרויס פון שטוב.

— קום, סיאָמקע! דער פעטער יעקב נעמט היינט אַרויס דעם האָניק פון די בינשטאָקן. ער האָט מיר אַליין געזאָגט, איך זאָל קומען.

— גוט, איך גיי.

און אָט זיינען זיי שוין ביים פעטער יעקב.

— שוין געקומען, קונדסים? — באַגעגנט זיי דער פעטער יעקב מיט א פריילעכן שמייכל.

דער פעטער יעקב בינדט זיך אַרום, בעת מעשה, דעם קאָפּ מיט א טיכל. די יינגלעך גיט ער אויך צו טיכלעך און שמאַלעס אויף אַרומצוּוויקלען די הענט. צוליב זיך האָט ער הענטשקעס. אָבער ער טוט זיי ניט אָן — זיי זיינען ביי אים פאַרשטעקט הינטערן גאַרטל. די בינען, זאָגט ער, קענען אים אַפילו ניט טשעפּען אים ניט.

דער פעטער יעקב צינדט אָן א האַלב צעקוועטשטן, בלעכערנעם לעמפּל אָן א גלעזל. דאָס לעמפּל ברענט מיט א שוואַך פייערל, נאָר דערפאַר וואַרפט עס אַרויס גאַנצע הויפנס שוואַרצן, געדיכטן רויך.

— מ׳דאַרף נאָר ניט שרעקן זיך, מ׳דאַרף זיין רויק, — זאָגט אָן דער פעטער יעקב, — אַ׳ניט ווערן זיי אויך צעשראָקן... פאַר שרעק בייסן זיי זיך... און אַזוי זיינען זיי גוטע... איר מיינט, אַז אַ בין האָט קיין שכל ניט? אָהאָ, נאָך א מין שכל! גלאַט אַזוי וועט זי זיך אויף קיינעם ניט

דאַרפֿן. זי ווייס, ווען מ׳דאַרף בייזן און ווען מ׳דאַרף ניט.
אַ פֿרעמדער זאָל קומען, אַ גנב, למשל, אָדער אַ חיה, אַ וואַסערע
ס׳איז — וועלן זיי מעגן דאַנקען גאָט, אַז זיי וועלן אַוועקגיין
גאַנצע... און דעם בעל־הבית ווייסן זיי! וויפֿיל זיי דאַרפֿן האָניק
צוליבן ווינטער, לאָז איך זיי איבער, און נעמען נעם איך דאָס
רעשט, וואָס איז סיי־ווי־סיי ניט נויטיק. נו, פֿאַר דער טרחה,
וואָס איך גיי אַרום אַרום זיי, קומט דאָך מיר עפּעס, — דער
פֿעטער יעקבֿ שמייכלט גוטמוטיק. — איצטער וועלן מיר זיי
שיקן שפּאַצירן. זאָלן זיי גיין אַ ביסל דורכלופֿטערן זיך.

אין אַ ווינקל פֿון קליין גערטנדל שטייען די בינשטאָקן —
פֿינף דיקע, גלאַט־אַרומגעהובלטע, פֿון אינעווייניק אויסגע־
הוילטע קלעצער. די מיילער פֿון די בינשטאָקן זיינען פֿאַר־
רוקט מיט דינע, אַקוראַט־צוגעפּאַסטע ברעטלעך. אין די
ברעטלעך זיינען דורכגעמאַכט קליינע שפּעלטעלעך — די גע־
ווינלעכע גענג פֿון די בינען. אַרום די קלעצער קאָכט אַן
אומויפֿהערלעך זשומען. קליינע, שוואַרצע, הודזשענדיקע
קייקעלעך דרייען זיך אין לופֿטן, אַרום די קווייטן און
עפּלביימער פֿונם גערטנדל, אַרום די בינשטאָקן, קריכן אַריין
כּסדר אין די קלעצער דורך די שפּעלטעלעך און פֿליען פֿון
דאָרטן צוריק אַרויס.

דער פֿעטער יעקבֿ נעמט אַוועק דאָס ברעטל פֿון איינעם
פֿון די בינשטאָקן. עס דעקט זיך אויף אַ גרויסע, שוואַרצע עפּע־
נונג. פֿון אינעווייניק גיבן זיך אַ שיט אַרויס אַ סך שוואַרצע,
זשומענדיקע, בייזע באַשעפֿענישן. עס דאַכט זיך, אַז עפּעס אַ
משונהדיקע, שטראָמיקע, שוואַרצע חיה פֿויזעט אַרויס פֿון
דעם אויסגעהוילטן קלאָץ און ציט זיך אַרויף.... דער פֿעטער
יעקבֿ בורטשעט, רעדט זיי איין און בייזוערט זיך אויף זיי:
— נו, נו, טייערינקע, רוקט זיך... קריכט אַרויס...

גייט, לופטערט זיך דורך... קיינער וועט אייך נים טאָן קיין שלעכטס... נו, שרין!... גיכער!... כ׳קאָן דאָ נים שטיין ארום אייך אַ גאַנצן טאָג!

זיי קלייבן זיך געדיכט אַרום דעם בעל־הבית. זיי ווילן פאַרטיידיקן זייער היים — מעג דער שונא זיין ווער ער וויל! זייער מחנה ווערט תמיד גרעסער, דאָס הודזשען — דראָענ־דיקער. נאָר ס׳איז שווער עפּעס צו טאָן. די פּעל פונם פּיינט איז אַ האַרטע־ קיים וואָס מ׳קאָן זי דורכשטעכן, און פון זיין לעמפּל שלאָגט אַזאַ געדיכטער און עקלהאַפטער רויך, אַז דער קאָפּ הויבט זיך אָן צו דרייען, און ס׳ווערט ניט גוט. די בינען קאָנען ניט אַריבערטראָגן דעם רויך, זיי פליִען אָפּ פונם פעטער יעקב אָפּגעשוואַכטע, פאַרחלשטע. נאָר באַלד ווי זיי מונטערן זיך אָפּ אַ ביסל, לאָזן זיי זיך צוריק צו אים; עס קומען אויך אָן נייע פונם בינשטאָק, ראַנגלען זיך, און דרייען זיך ווי שכורע. אין אַזוי שטייט ער אַ צייט אין מיטן פון אַ טאַנצנדיקן, שוואַרצן געמיש פון רויך און בינען. נאָר ביסלעכווייז ווערט אַרום אים ליכטיקער און גערוימער. דער רויך איז שטאַרקער...

די יינגלעך זיינען אומרויִק. זיי וויקלען זיך בעסער אין די טיכלעך, טרייסלען מיט די קעפּ, מאַכן מיט די הענט, טרייבנדיק פון זיך די בינען.

— דרייט זיך ניט! בלייבט רויִק! אַז איר שרעקט זיך — וועלן זיי זיך בייסן... מיכעלע, קום אַהער! האַלט דאָס לעמפּל!

מישקע נעמט דאָס לעמפּל אין איין האַנט און מיט דער אַנדערער וויקלט ער שטייפער דאָס טיכל אַרום דעם פּנים. ער פּאָכט אַרום מיטן לעמפּל, און דער פעטער יעקב לייגט אָן דעם האָניק אין אַ טאָפּ.

אין דעם בינשטאָק זיינען נאָך אַלץ פאַראַן בינען. עט־
לעכע בינען פאַלן אריין אין טאָפּ צוזאַמען מיטן האָניק. דער
פּעטער יעקב נעמט זיי פאָרזיכטיק ארויס. זיי פּויזען אומבאַ־
האָלפן איבער זיינע גראָבע, קלאָציקע פינגער. ער ברענגט
צו די האַנט צו דער עפענונג פונם בינשטאָק, און זיי שלעפּן
זיך לאַנגזאַם צו זיך אין נעסט אַריין.

נאָך דעם ווי מען איז פאַרטיק מיט אַלע בינשטאָקן,
פאַרקלייבן זיך די יינגלעך אין אַ שאָטן, אונטער אַן אַלטן
באַרנבוים, וואָס שטייט אין הויף נעבן דעם פּעטער יעקבס
הויז, און עסן ברויט מיט פרישן האָניק.

די זון איז שוין הויך. דער טאָג איז אַ הייכער. אונטערן
בוים, אין שאָטן, איז גוט צו ליגן.

די יינגלעך הויבט אָן צו שלעפערן.

---

פארלאַג „קולטור-ליגע" ווארשע.

# שול-ביבליאָטעק

## ערשטע סעריע

### אָריגינעלע ווערק:

1. מענדעלי מו"ס — דאָס קעלבל.
2. שלום עליכם . — דאָס מעסערל.
3. י. ל. פרץ . . — קינדער-לידער.
4. ש. פרוג . . . — דאָס שטייסל.
5. מ. ז. פייערבערג — ביינאַכט.
6. ח. נ. ביאַליק . — נח און מאַרינקע.
7. ש. אַש . . . — יאָסעלע.
8. אַ. רייזין . . — די פאַבריק. דער בוים.
9. כ. סטאַווסקי . — לבן הארמי.
10. א. ראובני . . — קינדער.

---

צווייטע סעריע

**איבערזעצונגען.**

